
בלימעלעך
קרענצעלעך:
I

בלימעלעך, קרענצעלעך מאלט אויף די שויבען דער פראָסט,
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיג בלאָזט, —
גוט איז אונז איצטער ביים פרעהליכען פייער אין הויז!
ביזקעל דער נאָפּט אין דעם שטילינקען לעמפּעל געהט אויס,
ביזקעל דער זייגער טוט ברוגז'לעך שעפּטשענען: „שפּעט,
צייט שוין צו ליגען אין וויכען, אין ווארעמען בעט." —
וועל איך ביים וואָיענדען בלאָזען אין קוימען פון ווינט
מעשה'לעך, ליעדעלעך זינגען, דערצעהלען מיין קינד.

אין אַזאַ נאַכט האָט אין וואלד זיך געטראָגען אַ גוואלד, —
ס'זיינען גזלנים באַפאַלען אַ פריץ אין וואלד.

צוויי פון די קוסטעם און איינער פון הינטער אַ בוים,
יענע צום פריץ און איינער צום פערד פאַר'ן צוים.

איז ביי דעם פריץ געוועזען אַ ברען, ניט קיין פערד,
אַז ער פלעגט לויפען—אַנטלויפען פון איהם פלעגט די ערד, —

## בלימעלעך קרענצעלעך

איז ווי דער פערד האָט פאַר זיך די גזלנים דערזעהן —
האָט ער דערפיהלט, אַז אַט באַלד וועט אַן אומגליק געשעהן.

און אַז ער גיט זיך דאָס ראַפּטאָם אויף דיבאָם אַ שטעל! —
אָט און ער רייסט זיך אַרויס פון זיין אייגענע פעל,

און אַז ער גיט אין דער לופטען דעם שליטען אַ דרעה! —
אַזש די גזלנים דערשראָקענע — באַץ אין דעם שניי!

אַזש די גזלנים דערשראָקענע לויפען אַוועק,
לאָזען אין שניי ערגעץ ליגען די בליין-שאַרפע העק.

און פון דעם פערד, איז פון לאַנג שוין קיין סימן ניטאָ.
נאָר אויפ'ן שנייאיגען פעלד ווי אַ פינטעלע גראָה

שפּרינגט ער אַ ווילדער, אַ ווילדער,—אַ שפּרונג און אַ מייל!
לאָזט דאָ און דאָרט נאָך זיך איבער אַ שנייאיגען זייל.

שפּרינגען די מיילען אַהינטער, פעלד אויס און פעלד איין.
ס'האָט שוין דעם מזרח געצונדען דער מאָרגינער שיין.



טראָגט זיך דער פֿערד ווי אַ ווילדער אין נאַכט מיט דעם ווינד,

## בלימעלעך קרענצעלעך

ווייטער און ווייטער און העל האט די זון אויפגעפראלט,
העל אויפגעפראלט און די שנייאיגע פעלדער באשטראלט,—

טראגט זיך דער פערד ווי א ווילדער, באגאסען מיט שוים,
פיהלט נים די ערד אונטער זיך און אויף זיך נים קיין צוים,

טראגט זיך א ווילדער, א ווילדער, א שפרונג און א מייל,
לאזט דא און דארט נאך זיך איבער א שנייאיגען זייל.

ס'האט שוין די זון זיך צום טונקעלען מערב גענייגט,
האט אויף די שנייאיגע פעלדער איהר אפשיין געלעגט.

ווייטער און ווייטער און אט איז געקומען די נאכט,
דאס האט דער פראסטיגער ווינט זי פון ערגעץ געבראכט.

טראגט זיך דער פערד, ווי א ווילדער, אין נאכט מיט דעם ווינט,
אט—און א דארף שוין באווייזט זיך, באווייזט זיך, פארשווינדט,

טראגט זיך דער פערד ווי א ווילדער, דארף אוים און דארף איין,
אט אט, און ער איז אין אייגענעם דארף שוין אריין.

## בלימעלעך קרענצעלעך

אָט אָט, און ער האַלט שוין איינעם זיין ווילדען גאַלאָפּ,
אָט און ער שטעלט זיך ביים פּריצישען פּאַלאַץ זיך אָפּ.

ס'איז שוין די מעשה געווען אויף'ן דריטען מעת לעת,
ס'איז אין צובראָכענעם שליטען געלעגען דער פּריץ, — אַ מת.

האָט אויפ'ן הויף זיך צובולען דער הונט אויף דער קייט,
ער האָט אפנים דערשמעקט פון דער נאָהענט דעם טויט.

האָט ער געבולען, געבולען, געריסען די קייט אַזוי לאַנג
ביזקעל עס האָט זיך פון שליסלען דערהערט אַ געקלאַנג,

און אַ באַדינער, פאַרשלאָפען און וואָרטשענדיג בייז
מיט אַ לאַנטערן אין האַנט איז צום טויער אַרויס.

זעהט דער באַדינער דעם פערד אַ פאַרסאָפּעטען שטעהן,
גיט ער צום שליטען אַ לויף און — דערשרעקט זיך אליין!

און דער לאַנטערן — אַ פינקעל, אַ פאַל אין'ם שניי.
לויפט דער באַדינער אין פּאַלאַץ מיט ווילדען געשריי.



זעהט דער באַדינער דעם פערד אַ פאַרסאָפּעטען שטעהן....

# בלימעלעך קרענצעלעך

באלד האט דער פאלאץ באלויכטען געשיינט אין דער נאכט,
מען האט דעם פריץ א טויטען אין פאלאץ געבראכט,

מען האט געפונען אין טויטענ'ס פארגליווערטער האנט
פערעל, — זיין ווייב א מתנה — א גאנצענעם באנד.

בלימעלעך, קרענצעלעך מאלט אויף די שויבען דער פראסט,
און אין דעם קוימען דער ווינט אזוי וואיענדיג בלאזט, —
גוט איז אונז איצטער ביים פרעהליכען פייער אין הויז!
ביזקעל דער נאפט אין דעם שטילינקען לעמפעל געהט אויס,
ביזקעל דער זייגער טוט ברוגז'לעך שעפטשענען: „שפעט,
צייט שוין צו ליגען אין וויכען, אין ווארעמען בעט." —
וועל איך ביים וואיענדען בלאזען אין קוימען פון ווינט
מעשה'לעך, ליעדעלעך זינגען, דערצעהלען מיין קינד.

בלימעלעך, קרענצעלעך מאַלט אויף די שויבען דער פראָסט,
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיג בלאָזט, —
גוט איז אונז איצטער ביים פרעהליכען פייער אין הויז!
ביזקעל דער נאַפט אין דעם שטילינקען לעמפעל געהט אוים.
ביזקעל דער זייגער טוט ברוגז'לעך שעפּטשענען: „שפּעט,
ציים שוין צו ליגען אין ווייכען, אין וואַרעמען בעט." —
וועל איך ביים וואָיענדען בלאָזען אין קוימען פון ווינט
מעשה'לעך, ליעדעלעך זינגען, דערצעהלען מיין קינד.

אין אַזאַ נאַכט האָט אין וועג זיך געלאָזען אַ איד.
אונטער'ן אָרים אַ פּעקעל, טויט-הונגעריג, מיד.

נאָר מיט בטחון אין האַרצען צום האר פון דער וועלט,
שלעפּט ער זיך עלענד אין אָפענעם שנייאיגען פעלד.

פעלד הינטער איהם און פאַר איהם אין דער ווייט, אין דער
ברייט,
שניי איז איהם איבער די קניע און דער וועג איז פאַרוועהט.

# בלימעלעך קרענצעלעך

און ווי א פויגעל א ווילדער, טראָגט אום זיך דער ווינט,
הורבעט אָן שניי, גיט אַ דרעה אין דער לופט און פארשווינדט,

קומט באַלד צוריק, רייסט דעם אידען די פּאָלעס און באָרד, —
קוים מיט די כּחות דער איד האַלט זיך איין אויפ'ן אָרט.

הייבט דער איד אויף צו דעם הימעל מיט רחמים זיין בליק:
גאָטעניו, ברייננ דו בשלום אַהיים מיך צוריק!

נאָר איבער איהם איז דער הימעל אַ גרויער ווי בליי,
און אַרום איהם טראָגט דער ווינט זיך א ווילדער און פריי.

הערט ניט דער הימעל דעם אידען'ס געבעט און געשריי,
שטויסט איהם דער ווינט און ער וואַרפט איהם א מידען אין שניי.

אויפשטעהן פון שניי האָט שוין מעהר נים קיין כח דער איד,
עפּעס א פוילקייט א זיסע פילט אָן יעדען גליעד.

און אין די ביינער צוגיסט זיך א ווארעמע רוה,
אָט און די אויגען פאַמעלינקע שליסען זיך צו. —



אין אַזאַ נאַכט האָט אין וועג זיך געלאָזען אַ איד.

## בלימעלער קרענצעלעך

פלוצלונג—ער גלויבט זיך אליין נים, א קרעטשמע זאל זיין?
ס'שלאגט אין דער נאכט פון א פענסטער א פרעהליכער שיין,

ס'ריפעט דער ווינט מיט'ן טויער, מאכט צו, עפענט אויף,
שליטענס געלאדעו מיט סחורות פיעל שטעהען אין הויף.

און ביי די שליטענס פארבונדענע שטעהען די פערד,
עסען דעם האבער און רייסען דעם שניי ביז דער ערד.

פרעהט זיך דער איד וואס דער בורא האט אין אזא נאכט
איהם צו א מענשישען ישוב נעבראכט.

קלאפט ער אין טיר, און מען עפענט איהם באלד — ס'ארא פרייד!
פרעהליכע אידישע פנים'ער, אידישע רייד.

איבער'ן שטוב גיסט דער הענג-לאמפ א ליכטיגקייט אוים.
ס'טראגט זיך א ריח פון טאבאק און בראנפען און שוויים.

גיבען די אידען איהם „שלום" — „פון וואנען א איד?"
לאכט ער, — אז ער האט געלאזט זיך צו פוס פון יאריד

און אז דער וועג איז געווען אביסעלע שווער,
האט ער געבלאנדזשעט ביז ער האט געטראפען אהער.

לאכען די אידען מיט איהם. נאר זיי ווערען באלד שטיל...
יעדערענ'ס הארצען פילט און א רחמנות-געפיהל,

יעדערענ'ס פנים און שטערען ווערט כמורנע, פארטראכט, —
„ווי לאזט א איד זיך צו־פוס געהן אין אם אזא נאכט ? !"

ווערט באלד דער טיש מיט מאכלים און בראנפען געגרייט,
וואשט זיך צום עסען דער איד, מאכט המוציא אויף ברויט,

זאגט צו די אידען „לחיים" — „לשלום ר' איד."
עסט ער און טרינקט, און אווארעמע, זאטיגע פריד

גיסט זיך, צוגעהט אין זיין הארץ, אז דאס לייב ווערט איהם הייס,
ווישט מיט'ן האנט אז פון פנים דעם ווארעמען שוויים.

עסט ער און טרינקט און ער עסט, אז עס געהט שוין ניט מעהר,
בענשט ער, און ס'שיינט אין זיין אויג א גאטספארכטיגע טרעהר.

## בלימעלעך קרענצעלעך

איצטער וואלט ער מיט די אידען געשמועסט ביז שפעט!
אבער עס ווארט און עס ווינקט איהם די פוכאווע בעט,

אבער די ביינער, דערוואָרעמטע, גארען נאך רוה,
און ווי פון זיך זיינע אויגען האלב שליסען זיך צו,

און צו דעם קישען עס ציהט זיך און נייגט זיך דער קאָפּ,
פאלט ער אַזוי אין די קליידער אין בעט ווי א סנאָפּ.

פּלוצלונג דערפיהלט ער זיין האלז ווערט צוזאמענגעדריקט,
עמיצער ווארפט זיך אויף איהם, אַזש דער אָטעם פארשטיקט!

און ער דערזעהט באלד זיין ווייב און די קינדערלעך שטעהן,
ברעכען די הענט, ברעכען אוים אין א ביטער געוויין. —

אי נים געוויינט האט זיין ווייב און זיין לייבליכעס קינד,
נאר איבער איהם אין דעם פעלד האט געוואָיעט דער ווינד,

מארגען פריהמארגען, ווען שטיל נאך געשלאָפען איז גאָט,
זיינען שוין גוים מיט שליטענס געפאָהרען אין שטאָדט,

## בלימעלעך קרענצעלעך

האָבען די גוים געפונען דעם אידען פארוועהט,
האָבען די גוים געפונען דעם אידען שוין טויט.

האָבען די גוים ארום זיך דעם טויטען צושטעלט,
האָבען זיין פעקעל צועפענט, „הא, הא, וויפיעל געלט!"

האָבען די גוים זיין טלית און תפילין באַטראַכט.
איינער אַ גוי האָט גאָר גראָב אויפ'ן קול זיך צולאַכט.

אָבער די אַנדערע זיינען געשטאַנען ווי שטום
און נאָכאַנאַנד זיך גע'צלם'ט דערשראָקען און פרום.

בלימעלעך, קרענצעלעך מאָלט אויף די שויבען דער פראָסט,
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיג בלאָזט, —
גוט איז אונז איצטער ביים פרעהליכען פייער אין הויז!
ביזקעל דער נאָפט אין דעם שטילינקען לעמפעל געהט אויס,
ביזקעל דער זייגער טוט ברוגז'לעך שעפּטשענען: „שפּעט,
צייט שוין צו ליגען אין וויכען, אין וואַרעמען בעט." —
וועל איך ביים וואָיענדען בלאָזען אין קוימען פון ווינט
מעשה'לעך, ליעדעלעך זינגען, דערצעהלען מיין קינד.

ביכער פאר שולען און דערציהונג

ארויסגעגעבען פון

# מייזעל'ס פערלאג

## ראַזשינקעס מיט מאַנדלען

(מעשה'לעך פאר אידישע קינדער)

**1. יהודה שטיינבערג**

1. שמעון, איך זאל אזוי לעבען.
2. די פארשאלטענע פרינצעסין.
3. די געפאנגענע כלה.

פרייז 15 ס.

**2. יהודה שטיינבערג**

1 א מעשה מיט א פירשט — 2. דער געשלאָגענער איגגעל. — 3. פליגען שריפט. — 4. א רוי־נער געוויסען.—5. די שולע.

פרייז 15 ס.

**3. יהודה שטיינבערג**

1. פראגען.—2. שמואל מילנער. — 3. א מעשה מיט צוויי ברי־דער.—4. רויזען און שמאראג־דען.

פרייז 15 ס.

**4. יהודה שטיינבערג**

1. צוויי באגערען.—2. די ניט פארענטפערטע קשיות. — 3. לא תתמוד. — 4. א רוגז.

פרייז 15 ס.

**5. יהודה שטיינבערג**

1. חמשה־עשר אויבס. — 2. די ביימלען און גלות.

פרייז 15 ס.

**6. —**

1. בן־עמי: פיוועל דער גרוי־סער און פיוועל דער קליי־נער.
2. ד. סלוצקי: די ערד דרעהט זיך ניט. פרייז 15 ס.

---

ש. דובנאָוו: אידישע געשיכטע פאר שולע און זעלבסטבילדונג.

באַנד I: ביבלישע עפּאָכע. 256 זייטען.
פראכטפאל געבונדען — $1.00

באַנד II: מאקאבייאישע און תלמודישע עפאכע — $1.00

באַנד III: דער מיטעלאלטער און די נייע צייט — $1.00

---

מ. ווארשאווסקי'ס יודישע פאלקסלידער, געב. — — $1.25
" מוזיק צו ווארשאווסקי'ס לידער, בראשירט — — — 60 ס.

---

ח. ליבערמאן: די אידישע רעליגיאן און דער נאציאנאל־ראדיקאלער ערציהונג, בראש. 10 ס.

---

ח. ליבערמאן: די אידישע ערציהונג אין אמעריקא. בר. 20 ס.

---

ה. ספענסער: די ערציהונג, גייסטיג מאראליש און קערפערליך, רייך געב. — $1.25

---

י. ענטין און ל. עלבע: פון אידישען קוואל, א אידיש לערנבוך און חרעסטאמאטיע פאר שול און הויז; מיט 43 בילדער און פארבר. 306 זייטען; געב. — — — — $1.00

---

פאלשטענדיגער קאטאלאג געשיקט פריי.

שולען קריגען א גרויסען ראבאט.

צו בעקומען ביי אלע בוכהענדלער און ביים פערלעגער

**MAX N. MAISEL, 424 GRAND STREET, NEW YORK.**

